ראָכל מינצעס

# דאס ליד פון מיין היים

(געווידמעט דער הײַראָנישער ווארשע)



1951

געווידמעט דער העראָישער וואַרשע

צייכענונגען פון כאַים סאָקאָלאָווסקי

אַרויסגעגעבן מיט דער הילף פון לאַנדסלייט־פאַריין
פון וואַרשע און אומג. אין בוענאָס איירעס, אַרגענטינע

דער ווארשעווער לאנדסלייט פאריין אין בוענאס־איירעס גיט ארויס דורכן פארלאג „איקוף" די פאעמע „דאס ליד פון מיין היים", געווידמעט דער הערא'שער ווארשע, צוזאמען מיט דעם ליד „וואס וועסטו זיין אז דו וועסט זיין גרויס?..." פון ראכל מינצעס.

די פאעמע איז פארגעלייענט געווארן צום ערשטן מאל בא אונדז אין פאריין־סאלאן דעם 19־טן אפריל, בא דער פייערונג פון אויפשטאנד אין ווארשעווער געטא.

די פאעמע איז אויך געלייענט געווארן אין א ריי אינסטיטו־ציעס אנגעשלאסענע אין איקוף.

וועגן ווארשע האבן א סאך געשריבן, סיי מענטשן וואס האבן אליין איבערגעלעבט די אקופאציע און דעם אויפשטאנד, סיי מענטשן וואס האבן זיך געפונען מיכוץ פון דער פייערדיקער לאווע, וואס האט ארומגעכאפט מיט העלישע פייער־צונגען דעם יידישן לעבן אין פוילן. דורך דער פאעמע פון דער דיכטערין ראכל מינ־צעס קומט צום אויסדרוק אונדזער אייגענער ווייטיק, צאר און פראַ־טעסט, אונדזער הימל־געשריי קעגן די פארשניטענע לעבנס פון אונדזערע אייגענע און נאענטע.

די דורכגעפילטע צייכענונגען, וואס באגלייטן די פאעמע, זיי־נען א שאפונג פון צייכענער כאים סאקאלאווסקי, וועמען מיר דאנ־קען פאר זיין בייסטייער.

## די קאמיסיע פאר ארויסגעבן
## די פאעמע פון ראכל מינצעס

באם ווארשעווער ל"ל פאריין




## I.

מײַן געשריי האָט אויפגעטרייסלט מײַן שלאָפנדיקע היים.

— וואָס איז געשען? וואָס איז דיר געשען?

גאָרניט. אַ כאָלעם... ס׳איז... אַ כאָלעם געווען...

אַף מײַן פענצטער ראָזיקט דער באַגין,

עס פיבערט מײַן פאַרמאַטערטער זין...

איז אַנדערש געוואָרן מײַן הויז?

ניין! אַלץ ווי געוועןן —

דאָס בילד אַף דער וואַנט, אין וואַזע אַ רויז,

געטרײַע בליקן, וואָס גיבן מיר רו.

נאָך פאַראַן פרייד? נאָך פאַראַן גליק?

פון כוישעך און אומקום איך קער איצט צוריק,

עס האָט זיך אַ כאָלעם אַרום מיר פאַרוועבט,

אַף פינצטערע פליגל פאַרשלעפּט



34633
פ

מיך ווײַט, ביז אַ טאָל, אַ כווישעבדיקן טאָל,
מיט אַ מאָל — אַ וואַנט
הויך... הויך...
ווי פון געדיכטן רויך
און אַ טיר — אַ ברייטע טיר
עפנט זיך פאַר מיר.
איך הער:
העי!
וואָס שטייסטו? גיי!
שנעל!
טרעט איבער די שוועל! —
דאָרט, אויף יענער זייט טויער
איז דײַן אַלטע היים,
ווו ביסט געבאָרן, ווו ביסט געוואַקסן,
די יונגסטע טרוימען האָסט דאָרט געשפינט,
דאָרט איז דײַן וואַרשע,
דײַן וואַרשע, מײַן קינד.
דאָס האַרץ גיט אַ ציטער אין מיר,
ווי אַ פײַל
כ׳לויף פאַרבײַ
די טיר.

אין דער נאַכט,
מיט אַ פינצטערן שליאַך
איך טראָג מיך פאַרוים... פאָרוים...
מײַנע פיס, ווי באַפליגלט שנײַדן ווי אַ בליץ דעם וועג
אָן אַן עק, אָן אַן עק.
און אַרום
איז כווישעך, שטום...
און איך לויף ווי פון שרעק געטראָגן
צווישן נאַכט און צווישן טאָגן —
ביז כ׳קום צו אַ טײַך, צו אַ ברעג —
ס׳איז די ווײַסל, די ווײַסל פון מײַנע יוגנט־טעג.
אַך! וויפל מײַן יונגן געזאַנג
האָסט מיטגעריסן אין דײַן אייביקן גאַנג.
וויפל מאָל האָסט פאַרוויגט
מײַן פאַרטריבט געמיט,
וויפל מאָל האָסט צעשפילט
אין מײַן האַרצן אַ ליד,
שפילעוודיקע, בלאָע ווײַסל מײַן!
נאָר וואַרט! וואָס איז מיט דיר הײַנט?
דײַן בליק איז פינצטער, ווי כאַ אַ פײַנט,
ביסט פרעמד און שווער
און איך הער... איך הער

אַ געוויין אין דײַן טיף,
אַ געוויין פון אַ קינד,
ניין, ניט פון איין קינד, פון קינדער אַ סאַך,
פון קינדער און מאַמעס אַ יאָמערלעך געוויין,
וואָס וואַקסט אַלץ העכער, און העכער און הויך,
צעשפּאַרט מײַן מויעך,
פאַרגליווערט דאָס בלוט אין מײַן לײַב,
וואָס איז געשען ? וואָס איז געשען מיט דיר,
ווײַסל, מײַן פרידלעכער טײַך ?
ווער האָט דײַן צורע פאַרכווישעכט מיט נאַכט ?
פאַרוואָס יאָמערט צאַר אַרוים פון דײַן טראַכט ?
ווער האָט אין אַ קלאָלע פאַרוואַנדלט
די שטילע טפילע דײַנע ?
ווער וויינט אין דײַן טיף ?
ווײַסל, ווײַסל דו מײַנע !
דאָס קלאָגן מיר, אומגליקלעכע מאַמעס,
דאָס וויינען אונדזערע קינדער די קליינע,
אונדזער כורבן מיר באַקלאָגן,
אונדזער אומגליק מיר באַוויינען.
אין דער ווײַסלס שטומע טיפן
האָבן מיר זיך אויסבאַהאַלטן

פון אַ מערדער, פון אַ ראָשע.

פון זייַן כאַלעף, פון זייַן קאַלטן.

און איצט קען דאָס האַרץ ניט רוען,

ס'בענקט און בענקט אָן אַן עק

נאָך די יאָרן,

נאָך די טעג,

וואָס עס האָט ניט אויסגעלעבט,

וואָס עס האָט ניט אויסגעבליט

וויינט דאָס האַרץ אין ווייסלם טיף,

וויינט און בענקט...

און עס נעמען זיך צו מיר

שטרעקן הענט —

הענט אַ סאַך, אָן אַ שיר:

הענט פון קינדער, הענט פון פרויען,

דאַרע הענט ווי בײַ סקעלעטן,

עפּעס מאָנען, עפּעס בעטן,

ציִען זיך צו מיר.

שטיי איך שטום, פון שרעק פאַרגליווערט

און ווי פלאַקערדיקע פלאַמען

וויקלט מיך ס'געשריי אַרום.

גיט אַ יאָג מיט שוים די ווייַסל

און צעלאכט זיך הויך מיט גאל,
און צעשרייט זיך אף א קאל:
קענסט דען זייער צאר באנעמען?
קענסט דען שטילן זיי דעם וויי?
וואס-זשע שטייסטו חוז א גוילעם?
גיי אוועק פון דאנען, גיי!
שלעפ איך מיטן וועג מיין אוטעם,
מיין צעוויטיקט שווער געמיט;
היים! וואס איז פון דיר געווארן?
איך דערקען דיך מער גאר ניט.
כ'האב אין פרעמד דורך אלע יארן
דיך געדענקט,
נאך דיר געבענקט,
וואס-זשע קוקסטו צו מיר קאלט?
וואס-זשע קוקסטו צו מיר פרעמד?
אין די ווייטן געמט שוין קלארן,
ווערט אויך העלער מיין געמיט,
ווערן לייכטער מיינע טריט.
באלד כ'וועל זען א היימיש געסל,
„סאסקי"-גארטן, „גזשיבאוו"-גאס
מיטן אלטן, קאלטן קלויסטער,

ווּ מער פון קריסטוס׳ ליבע־לערע,
האָט מען דאָרט געפּרײדיקט האָס.
און אָט איז דער אַלטער קלויסטער.
נאָר וואָס זע איך? כ׳קען קוים גלויבן
מײַנע אויגן.
ס׳איז אַ כורווע נאָר פאַרבליבן,
ליגן
שטום די גרויסע גלאָקן,
נישט מער ברײטע, הויכע שטיגן,
נישט מער ראַכוועס, גווורע, שטאָלץ —
נאָר אַ קופּע שטויב און אַש,
איבער איר — אַ קרײַץ פון האָלץ.
קריסטוס קוקט פון דאָרט אַראָפּ
אומבאַהאָלפן און צעשראָקן
ווי אַ זאָקן.
און מיר דאַכט איך הער זײַן שטים
אין דער שטיל:
„שוין גענוג געווען אַ שפּיל,
שוין גענוג מיך אויסגענוצט,
בייזע ליגנס אויסגעפּוצט
אין מײַן נאָמען.

עפּשער איצט פון שטויב און אַש,
אויסגעלײַטערט אין זײַן ווײ,
אויפגיין וועט אַ נײַער מענטש,
וואָס וועט ווערט זײַן זײַן געבענטשט".
נאָר איך הער זיך מער ניט צו,
ס'ברענט די אומגעדולד אין מיר.
דאָ ניט ווײַט, אַ פּאָר טריט בלויז,
דאַרף געפינען זיך דאָס הויז,
דאַרף געפינען זיך די היים,
ווו איך האָב דערזען
די וועלט
און געשטעלט
די ערשטע טריט;
ווו איך האָב די ערשטע פרייד
און די ערשטע טרער דערקענט,
און דעם צויבער פון אַ בוך,
און פון יונגן בלוט — דעם רוף;
ווו איך האָב, נאָך גאָר אַ קינד,
מיר פון פײַנסטן, רײנסטן גאָלד
טרוימען ליכטיקע געשפּינט,
טרוימען גאָלדענע אַ סאַך,

שפּעטער וואָך —
איך האָב געזען,
ס'זיינען טרוימען נאָר געווען;
שטורמען טעג מיט נייעם זין —
אומרו ליגט אין יעדן טראָט —
ספּייקעס, זוכעניש און גלויבן —
ווילסט אַלץ העכער זיך דערהייבן,
און אין לאַבירינט פון זין
זוכסט געפינען — זיך אַליין,
און צום מענטש דו זוכסט דעם וועג,
זייט געבענטשט, איר, יונגע טעג!
זייט געבענטשט, איר, שטורעם-טעג!
אײַל איך, אײַל איך צו די טריט,
אין איין אָטעם איך לויף פאָרויס,
מיט אַ מאָל, כ'שטעל אָפּ ס'געיעג,
איך געפין מיך פאַר מיין הויז.
ניין! ניין! שפּרייַז ניט דורך די שוועל!
בלייַב אַ ווײַלע אין דרויסן שטיין.
אָט אַזוי! שליס אויגן צו,
אַזוי קען מען בעסער זען,
אָ! ווי דייַטלעך און ווי קלאָר,
ווי איך וואָלט ערשט דאָ געווען:

קרומע טרעפלעך לינקס אַ פּאָר
פירן קרעכצנדיק אַראָפּ,
אין אַ נאַסער קעלער-שטוב,
וווּ אין דאַכקעס און אין נויט
יאַנקעלע — דער שוסטער — וווינט.
אַף אַ דרייַפוס-בענקעלע,
פון גאַנץ פרי ביז שפּעט אין נאַכט,
מיט אַ האַמער אין דער האַנט,
זיצט זיך יאַנקעלע און קלאַפּט;
קלאַפּט און לאַטעט אַלטע שיך
שוין אַן אייביקייט אַזוי,
דאַכט זיך, דוירעס ווען גיין,
נייַע דוירעס ווען קומען
נאָר דאָס העמערל פון יאַנקלען
ווערט אין קעלער ניט פאַרשטומען.
ווייל איך טאָמיד, מייַנע שיך
זאָלן זיך צערייַסן שנעלער
און אַוועקלויפן מיט זיי
אַראָפּ צו יאַנקעלען אין קעלער.
ווי אַ לאָקנדיקער בוך
איז זייַן קליינער, דאַרער פּאָנעם,

טיף צעאַקערט, קנייטש אַף קנייטשן,
האָב איך ליב צו קוקן, טײַטשן,
לייענען אין די טיפע שפּורן
סוידעס פון ווײַט-ווײַטע יאָרן.
און פאַראַן איז נאָך אַ רייץ,
וואָס עס לאָקט מיך און מיך ציט
צו דעם אַלטן קליינעם ייִד.
ווער קען נאָך אַזוי דערציילן
וווּנדער-מײַסעלעך ווי ער?
קלאַפּט דער האַמער
טשוואָק נאָך טשוועקל,
צינדט אַ בלויער פונק די בליקן
און אַ ווייכע, שטילע שטים
נעמט דערציילן וועגן קרים,
וועגן פּויערים און פּריצים,
כאַסענעס און גוטע ייִדן,
פּאַנסקע בעלער און יאַרידן,
וועגן שלאַכטן, וועגן פרידן;
וועגן שיידים אַף די וועגן,
וועגן יאַגדן און געיעגן
און צאַדיקים, זייערע ניסים,

װעגן צאַר און װעגן טפּיסעס,
פון סיבירער װײַסע װײַטן,
פון פּאָגראָמען — שכיטע־צײַטן
און פון בראַװע העלדן־יונגען —
פלעג איך זײַנע װערטער שלינגען;
כ׳װאָלט אין גאַנצער װעלט פאַרגעסן
װען מען רופט מיך ניט צום עסן
מיט אַ מוסער מיט אַ שאַרפן:
כ׳בין שױן באַלד אַ גאַנצע פרײַלן,
ס׳איז אַ שאַנד — איך דאַרף עס װיסן —
גאַנצע טעג באַם שוסטער זיצן.
נאָר פון שאַנד איך װיל ניט טראַכטן,
קומען אָן די פרײַטיק־נאַכטן —
לויף איך מיר בעסאָד אַראָפּ
צו יאַנקעלען, אין קעלער־שטוב.
צוגעדעקט דער שוסטער־טיש,
די פּאָל מיט זאַמד באַשאָטן פריש,
אַ װײַסער טישטעך אויסגעשפּרייט,
די ליכט אין לײַכטער שוין פאַרגרייט,
די קיך אין װינקעלע פאַרדעקט,
דאָס קרומע בעטל צוגעגלעט —

נעמט מיט פרייד פון אַלע ווינקלען
שאַבעס־יאָנטעוודיקייט פינקלען
און דער גאַנצער קעלער־צימער
רוט אין שאַבעסדיקער שכינע.
און יאַנקל אין די שאַבעס־קליידער,
אין דער זײַדענער קאַפּאָטע,
שײַנט מיט יאָנטעוו און מיט פרידן,
ווי די פּאַטריאַרכאַלע יִדן
פון די בית־המיקדעש־צײַטן.
מיט געטרײַע, צאַרטע בליקן
טוט זײַן ווײַב אים שטיל באַגלייטן
צו דער טיר.
פרום קושט יאַנקל די מעזוזע
און לאָזט זיך גיין
אַוועק אין שול.
נאָר געגנוג דיך שוין דערמאָנען,
גוטער שאָכן פונעם קעלער,
שכייגים אַנדערע פּאַראַנען,
טראָג, געדאַנק, אַוועק מיך שנעלער!
אויבן, אַפן שטאָק דעם ערשטן
מיט די פענצטער צו דער גאַס,

**ווי עס פּאַסט**

פֿאַר אַ געוויר,
וווינט אַ רײַכער, ברייטער ייִד,
וואָס אין מיסכער שפּעקולירט.
זײַן קאַפּריזנע באַס-יעכידע
רעדט פֿראַנצויזיש, שפּילט קלאַוויר,
אַזאַ מינעג באַ די טעכטער
פֿון אַ טאַטן אַ געוויר.

קעגנאיבער וווינט פֿאַראייגזאַמט
דער פֿאַרביסענער מעשומעד,
טאָמיד כמורנע איז זײַן בליק,
פֿון די אייגענע — פֿאַראַכט,
פֿון די פֿרעמדע — קוים באַטראַכט,
איז ער אַזאַ פּלאַניץ אַ ווּיסטע,
אָן אַ באָדן, אָן אַ זאַפּט,
אָן אַ קוואַל פֿון לעבנס-קראַפֿט.
אײַ! דו מענטשעלע, ווי נאַריש!
נישט דײַן נאָמען, וואָס קלינגט אַרייִש,
נישט מיט קרײַצן אַף די ווענט
האָסט געקענט
אויסלייזן דײַן דוירעס-פּאָנעם

פון סימאָנים

פון דייַן ראַסע, פון דייַן שטאַם;
ביסטו סטאַם
אַ לויזע פלאַנץ
אָן אַ וואָרצל, אָן אַ פאַרב,
אָן אַ באָדן, און אָן זאַפט,
אָן אַ קוואַל פון לעבנס-קראַפט.
אך! . . .
און אָט איז די גוטע עסטער. —
זיצט אַ שטילע, איינגעבויגן,
מיט די מידע, רויטע אויגן,
נייט אַ קליידל נאָך אַ קלייד,
אין איר פּראַצע, אין איר מי
ליגט די פרייד,
אַז זי טוט עס אַלץ פאַר זיי —
פאַר די צאַרטע טעכטער צוויי.
עסטער האָט אַמאָל געטרוימט
וועגן ביכער, וועגן וויסן,
זאָלן זיי שוין דאָס געניסן,
זאָל איר דורשט אין זיי זיך לעשן,
וואָס געטרוימט און ניט געוואָרן!

זאָל אין זיי אַפּסנײַ געבאָרן . . .
אײַלט זי מיט די בלייכע פינגער,
נייט אַ קלײדל נאָך אַ קלײד,
ווערט איר קאָפּ אַלץ מער געבויגן,
ווערן רויטער אירע אויגן,
נאָר אַז ס׳פאַלט איר מידער בליק
אַף די טעכטער אַף די צוויי,
שמייכלען אירע בלאַסע ליפּן,
און אַ קרישטאָל־טרער פון גליק
גיט אַ בליאַסק און גליטשט אַראָפּ
צו דעם פרעמדן קליידער־שטאָף.
שאַ! און ווער קומט איצט אַנטקעגן?
מיטן שטעקעלע אין האַנט
ר׳עב מענאַשע־לייבל שפּאַנט.
מיט זײַן בערדעלע פאָרויס,
מיט דער קאַפּאַטע צעפלויגן
און מיט אומרויִקע אויגן,
האָט זיי פאַרשן, וואָס זיי זוכן,
און אין האַרץ, ווי אין גראַניט
אויסגעקריצט, טראָגט ער ביטאָכן
רעב מענאַשע, צי „פאַן לייבל״

אין אײן אָטעם יאָגט די טעג ;
קײן אײנהאָרע אַ שטוב מיט קינדער
און אַז פּאַרנאָסע זעלטן קלעקט.
מוז ער אײַלן, מוז ער לויפן,
טאָמער מאַכט זיך וואָס צו קויפן,
עפּשער דאַרף מען ווי אַ שאַדכן,
אַף אַ כאַסענע אַ באַדכן,
אַ פּראָשעניע דאַרף ווער שרײַבן,
אַן אײַנהאָרע ווער פּאַרטרײַבן —
וואָס־זשע קען ניט רעב מענאַשע ?
לויפט ער, יאָגט ער, טוט ער זוכן
און אין האַרצן ווי אַ פּאָן
פלאַטערט הויך זײַן ביטאָכן.
אויך זײַן שאָכן —
באָרוך דרוקער —
אויסגעלײַטערט איז אין גלויבן,
ס׳האָבן בײזע שטורעם־טעג
ניט געקענט דעם קאָפּ אים בייגן.
אינעם פלאַם פון פינפטן יאָר
אויסגעפּרוּווט האָט ער זײַן ווילן
און זײַן כאָכמע האָט געזוכט

דורשט אין טיפע ביכער שטילן.
ניט איין מאָל אין זומער־צײַט,
ווען די פענצטער שטייען אָפן
כ׳פלעג מיט נײַגיר אונטערהערן
וואָס עס טוט זיך בײַ דעם שאָכן.
לאַנגע שמועסן פלעגן פירן
באָרוך און די קינדער זײַנע
און מײַן קינדערישע וועלט
פלעגט פון זייער וואָרט אויפשײַנען.
ריווקעלע — אַ מיזרעך־בלום,
זעכצן יאָר מיט טרוים פאַרצויגן,
שוואַרצע, סאַמעטענע צעפּ,
לאַנגע מאַנדל־ברוינע אויגן,
פלעגט מיט קלינגענדיקער שטים
צו איר פאָטער באָרוך טײַנען,
און מיט פונקען גאָלדענע
פלעגן אירע בליקן שײַנען:
— כ׳בין שוין מיד צו זײַן אין פרעמד,
און אַרומבלאָנקען אין גאָלעס,
אין יִסראָעלס ווײַטער ערד
איז די היים פון יעדן כאָלוץ.

ס׳איז שוין צײַט עס זאָל מײַן פֿאָלק
זיך פֿון וואַנדער־שטאָק באַפֿרײַען
דאָרט באַם ווײַטן יאַרדן־ברעג
רופֿט אַ שטימע אונדז אַ נײַע.
שנײַדט איר יאָסעף אָפּ דאָס וואָרט
וויל ניט אירע רייד מער הערן,
ווי אַ יונגער הירש שפּרינגט אויף,
שאַרט אַ לאָק אַוועק פֿון שטערן
און מיט ברוסטיק, יונגער שטים
איבערצײַגן וויל זײַן שוועסטער,
אַלץ וואָס זי האָט דאָ געזאָגט
איז אַן אומזין, יאָ, דער גרעסטער!
דאָ מײַן לאַנד איז! דאָ מײַן היים!
דאָ מײַן רעכט איך האָב צו לעבן.
ס׳האָבן דוירעס ייִדיש בלוט
אַט דער ערד טריבוט געגעבן.
ניט אַרויסגעבן פֿון האַנט
וואָס איז מײַנס לויט אַלע רעכטן,
כ׳שטעל מײַן לעבן אינעם קאַמף
פֿאַר אַ מישפּעט אַ גערעכטן.
ניט אַנטלויפֿן איז דער וועג

אומעטום וועט מען דעריאָגן,
קעגן איין פויסט — פויסטן צוויי,
מישט דער פאָטער זיך אַריַין,
נאָר אין פּלאַם הייבט אָן דאָס טאָגן.
ריידן אַלע שוין צוזאַמען
ביז עס שטעלט דעם טומל אָפּ
די שטים די ניכטערע דער מאַמעס:
— הער נאָר, הער נאָר דעם געשריי,
ס'איז אַ כאַרפּע דאָך פאַר לײַטן,
רעדט אַ טאָג און רעדט אַ נאַכט
איר וועט שוין די וועלט ניט בײַטן.
דו וועסט פאָרן ווו דו ווילסט,
דיך אין „פּאַוויאַק" וועט מען טרײַבן,
אויסגיין וועט דער מאַמעס האַרץ,
און ווי געווען וועט אַלץ פאַרבלײַבן.
אירע פליגל שווער פון זאָרג
ניט געקענט האָבן זיך הייבן
צו די הייכן פון אַ טרוים,
צו די קינדערס יונגן גלויבן.
אָ, איר שכיינים! דו מײַן היים!
אַפן זיג־זאַג פון מײַן לעבן

האָט מיר יעדערער פון אײַך
עפּעס פון זיך מיטגעגעבן.
איך געדענק אין טיפן הויף
ס׳גערער שטיבל פון די כסידים —
אַ ווײַטער אָפּשײַן פון אָריענט
זייערע זיטן און ניגונים.
סימכאַס-טוירע, יאָנטעוו-טאָג,
קולט פאַר כאָכמע און פאַר ווייסן —
פלאַמען גאָלדענע פון פרייד
האָבן זיך פון האַרץ געריסן.
אײַנגערינגלט אין אַ ראָד,
סנאָפּעס ליכט אין אויגן גלאַנצן,
הענט פאַרפלאָכטן אין אַ קראַנץ —
אַרום דער טוירע כסידים טאַנצן.
וואַקסט דער טאַנץ און ס׳פלאַקערט פרייד –
טוירע, לערע, כאָכמע, פרידן —
טאַנצן פאָל, די ווענט און בענק,
סימכאַס-טוירע איז בײַ ייִדן!
און עס דוכט, טויזנטער יאָר,
וואָס צעשאָטן האָבן דוירעס
וויל אַרומנעמען דער טאַנץ

און אַוועקטראָגן צום שוירעש.
שוין אַוועק איז האַלבע נאַכט,
כּסידים ווערן גאָרניט מידער,
ס'האָט צעפּלאַקערט זיך אַ פּלאַם
פון טאַנץ, היספּאַילעס און פון לידער.
טאַנצט דאָס שטיבל, ציטערט ס'הויז,
טאַנצט אַרום דער הויף אין גאַנצן,
גראָע טעג וואַרטן שוין גרייט,
זאָל דער יאָנטעוו זיי פאַרטאַנצן!
וויפל יאָר זיינען אַוועק
ביז איך האָב דעם טאָך באַנומען
פון דער סימכאַס-טוירע פרייד,
פון דער כּסידישער נעשאָמע.
דאָרט אויך אינעם טיפן הויף,
איך געדענק עס ווי אַצינדער,
איז אַ פרייער פלאַץ געווען —
די מעלוכע פון די קינדער.
קינדערלעך פון גאַנצן הויף —
קליינע פייגעלעך אים פרייען
שפרינגען, לויפן, לאַכן, וויינען,
זינגען, שטיפן דאָרט און שרייען.

קוקן מאַמעס דורך די פענצטער
ווער מיט מוסער, ווער מיט בראָכע,
אָ, דו ראָזיק גאָלדענע
קינדער־פריידיקע מעלוכע.

:: :: ::

זיי ניט אומגעדולדיק, הארץ!
שוין די שוועל איך טרעט אריבער,
אַ גוט מאָרגן, שכיינים, איַיך!
אַ גוט מאָרגן, הויף, דיר ליבער!

## II.

אַ דראָענדיקע שטילקייט פּאַטשט צוריק מײַן רוף,
עס קומט מיר אַנטקעגן אַ כאַליעף פון קעלט,
איך בלײַב שטיין פאַר אַ ריזיקן באַרג אַש
פון אַן אָפּגעסאַרפּעטער וועלט.
ווי אַן איינזאַמע מאַצייווע
נאָר איין ווענטל שטאַרט באַם זײַט,
עס טריפט אַראָפּ בלוט, בלוט וואָס קען ניט שטאַרבן
און עס הוידעט זיך אַף אַ קאַנט אַ קינדערישער שאַרבן.
מיליאָנען בליקן ברענען דורך מײַן לײַב.
איך קוק מיך אַרום — ס׳איז קיינער ניטאָ,
אַ פּאַכעדיק געשריי רײַסט זיך אָפּ פון מײַן ברוסט,
עס ענטפערט שטרענג דאָס אַש:
„ווער שרײַט דאָס אַפן בײס-אוילעם?

לאָזט טויטע צורו!"

„וואָס שרײַסטו? זײַ שטיל, וועק זיי ניט אויף,
אין שלאָף איז מילדער פון וואַנדן דער וויי,
זאָלן זיי שלאָפן, מײַנע רויזן צוויי".
פאַר מיר שטייט אַן אויסטערליש געשטאַלט
מיט ברייט צעעפנטע סקעלעטישע הענט
און כאָטש ס'איז קיין סימען ניטאָ פון אַמאָל
כ'האָב באַלד אין געשפּענסט — עסטערלען דערקענט.
אַף דלאָניעס ווי אַף אַ וואָגשאָל, מיט זעלטענער קראַפט
צוויי פאַרשטײַפטע מיידלשע קערפּערס זי טראָגט,
דאָס ציינלאָזע מויל אויסגעקרומט אין צאַר
עפנט זי אויף. זי זאָגט:
זע ווי פאַרשטיינערט זיי זײַנען און קאַלט,
געדענקסט זיי ווי איידל, ווי ליב און ווי גוט?
קרעציקע הינט האָבן פאַרשניטן זייער בלי
פאַרגיפטעט ס'יונגע לײַב מיט אומריינעם בלוט.
כ'וועל גיין איבער רוימען, כ'וועל גיין איבער צײַט
מיט מײַן געקוילעטער פרייד אַף די הענט
און טראָגן מײַן קלאָלע אין דוירעס אַרײַן,
פון יענע, וואָס האָבן מײַן לעבן געשענדט.
זי שפּאַנט אַוועק אַף סקעלעטישע פיס,

יעדער שפאַן אין ערד מיט בלוט קריצט זיך איין
פון די אָפענע אָרעמס טריפט טרייסטלאָז אַראָפּ
איר נישט געוויינט יאָמערלעך געוויין,
און איידער כ׳באַנעם וואָס כ׳האָב דאָ געזען,
און איידער איך קום פון גליווער אַרויס
אַ טליע אַ הויכע וואַקסט פאַר מיר אויס.
וואָס טוט דאָ אַ טליע? ווער וויגט זיך אַף איר
שטיל ווי אַ מאַמישער ניגן צום שלאָף?
די קליינע געשטאַלט — איך האָב זי געקאַנט,
דאָס שפּיציקע בערדל, דעם זילבערנעם קאָפּ.
די ווייטע לעגענדעס, דאָס זיידענע וואָרט
וואָס שוועבן נאָך איצט אַרום דער טויטער ליפּ,
דאָס זילבערנע פייערל פון גלויבן און טרויס
עס צאַפּלט נאָך אַפילע אין פאַרשטאַרטן בליק.
פאַרוואָס? פאַרוואָס איז דאָס געשען?
פאַר וועלכע כאַטאָים? פאַר וועלכע זינד?
אַ זונען־שטראַל האָט אין אַ קעלער־שטוב געלעבט,
געלעבט האָט אַ מענטש מיט לויטערקייט פון אַ קינד;
מיט שטילע טריט דורכן לעבן געגאַן,
הונגער און האָפענונג געטראָגן פון וויג,
ווי האָט אַ בליין ניט אָפּגעברענט די האַנט,

וואָס האָט איבער זיין האַלדז פאַרצויגן די שטריק?
ווי האָט אַ בליץ ניט אָפגעברענט די האַנט
וואָס האָט אַ ליכטיק לעבן דערוואָרגן אין שפּאָט,
ווי האָבן דונערן ניט צעשפּאַרט די ערד
אונטערן טאַליענס בלוטיקן טראָט?
אַ שפּאָטיש געלעכטער ענטפערט מיר אָפּ,
צעמאָלט מיין געדאַנק אָף נישטיקן שטויב;
ווי האָסטו אַזוי פיל בליצן זאָלן זיין גענוג
צו פאַרניכטן אַזויפיל הענט פון מאָרד און פון רויב?
און ווי אָפגעריסענע שטיינער פון אַ גיגאַנטישן באַרג,
צוזאַמען מיטן געלעכטער, פאַרביי מיין קאָפּ,
שאַרבנס און ביינער יאָגן מיט קראַפט
און פאַלן מיט קרעכץ צו דער ערד אַראָפּ.
שאַרבנס און ביינער אָן אַ צאָל, אָן אַ צאָל,
מענטשלעכע ביינער אַלערליי גרויס,
שאַרבנס פון זקנים, פון אויפעלעך קליין,
העכער און העכער וואַקסט אַלץ דער שטויס.
הענטלעך און פיסלעך אויסגעמישט באַנאַנד,
שאַרבנס צעשפּאָלטענע, צעלעכערטע פון קויל
מיטן לעצטן וואַנזיניקן געשריי
אַרום דעם אויסגעהוילטן, סקעלעטישן מויל.

אַ מוירע ביז שיגאָען באַפאַלט מײַן געביין,
כ׳נעם לויפן און לויפן ווי אַ רועך אַוועק,
נאָר שאַרבנס און ביינער יאָגן מיר נאָך,
רינגלען מיך אַרום, פאַרשטעלן דעם וועג.
עס ברעכן מײַנע קני, איך פאַל צו דער ערד,
אַ קאַלטער שוויים זעצט אַרוים אַף מײַן הויט,
און ציטער וואַרפט זיך מײַן יעדער גליד,
באַלד וועט מיך פאַרשלינגען דער מאַקאַברישער שטויס.
אַ שנײַדנדיקער בליאַסק רײַסט אויף מײַן אויג,
איבער מײַן קאָפּ — זילבערנע וואָלקנס דרײַ,
זילבערנע וואָלקנס מיט פײַער באַזוימט
און אַ געשטאַלט אַף יעדן פון זיי.
דערנער די האָר, די אויגן בלינד
באַ דער אין מיטן ברייטבייניקער געשטאַלט,
אַף סקעלעטישע דלאָניעס, מיט פרומער זאָרג
עפּעס אַ זעלטענעם אויצער זי האַלט.
ווי צוויי יונגיטשקע סאָסנעס, פאַרסמאַליעט פון פלאַם,
מיט אָפענע ווונדן און פריש נאָך דאָס בלוט
שטייען די בײדע געשטאַלטן באַ זײַט
און קוקן מיר גלײַך אין די אויגן אַראָפּ.
אין מײַן זיקאָרן העלט אויף ווי אַ בליץ
אַ לאָק איבער אַ שטערן, אויגן מאַנדל-ברוין,

קלינגענדיקע שטימעס — אַ שכּײנישע הײם,
און יונגע טרוימען, װאָס װעקן מײַן טרויב.
שטײ אויף! — באַפעלט מיר די מיטלסטע געשטאַלט.
די שטים כּאַטש אַ שטרענגע קלינגט הײמיש און נאָנט,
שטײ אויף! גלײַך זיך אויס און הער זיך גוט צו,
דורך מיר רעדט אַרויס דאָס װאָרט פון געבאָט.
פון װעמען אַנטלױפסטו? פון אַט די בײנער דאָ?
פון די בײנער פון דײַנע ברידער? פון דײַן אײגן געבײן?
אומזיסט דײַן לױפן, זײ דעריאָגן דיך שנעל
און װײנען אין דײַן בלוט אַרײַן זײער געװײן.
און װײנען אין דײַן בלוט אַרײַן זײער װײ
פון אַ הונגער, װאָס טריקנט אויס דאָס לײַב ביזן בײן
װען עס װילט זיך דיר פרעסן דײַן אײגענע הויט,
און פרעסן די ערד מיט שינאָענדיקע צײן,
װען דו קוקסט אין גוטעסדיקן אויג פון דײַן שװאַלב,
װאָס בעט שױן אפילע מער ניט קײן ברויט,
און שילטסט דײַן טראַכט װאָס האָט אױסגעצײַטיקט אַ קינד
און בעטסט ס'זאָל שױן קומען עס אױסלײזן דער טויט.
און זײ װײנען אין דײַן בלוט אַרײַן דעם פּײַן
פון אַן אויסטערלישער, גרענעצלאָזער ברענענדיקער שרעק,
װען אין יעדן שאָרך הערסט דעם טראָט פון טויט

און גיפטיקע שלאַנגען זעסט אַף יעדן וועג.
און ווּ זאָלסט זיך ניט ווענדן, ווּ זאָלסט ניט זײַן,
פילסט אַף זיך דעם סוינעס שפּיזיקן בליק,
וואָס קריכט ווי שוואַרצע ווערים אַרום דײַן לײַב
און ווערגט דײַן האַלדז ווי מיט אַ פאַרצוויגענעם שטריק.
פון הימל, פון דעכער, פון מויערן, פון ערד
ווי אַ קאַלטער כאַלעף דער בליק גייט דיר נאָך
און אין וואַנזין פון שרעק פאַרצווייפלט זוכסטו שוין
באַ שאָטנס פון נאַכט, אין אַ בונקער, אין אַ לאָך;
נאָר ווי אַ שפּיר־הונט שאַרף פאָלגט דיר נאָך דער בליק
און ווּ זאָלסט ניט זײַן — ער געפינט דיך אויף
און בלוט־גיריק, ווי אַ כאַלעף פאַלט איבער דײַן קאָפּ
און שטאַרבסט מיט טויזנט טויטן, איידער ס׳קומט דער טויט.
און דאָך — אין יענער שוואַרצער גסיסעדיקער שאָ
מיר האָבן אָפּגעהיט דעם מאַקאַבייאישן גלאַנץ,
עס האָבן אונדז ניט פאַרשעמט דוירעס פון אַמאָל
און פאַר קומענדיקע דוירעס אונדזער שטאָלץ איז גאַנץ.
עס האָבן אונדזערע טעכטער, עס האָבן אונדזערע זין
באַנומען דעם גרויסן גבֿבאָט פון דער צײַט,
פאַרשווּנדן איז דער יאָכיד, געווען איז נאָר אַ פאָלק —
אַ פאָלק פול מיט ווּנדן — דאָך שטאָלץ און גרייט.

עס האָבן אַלטע פֿאַרגעסן אַז זיי זײַנען אַלט
עס האָט פֿאַרגעסן די מאַמע אין ציטער איבער איר קינד
און דער הינקענדיקער אין זײַן הינקען,
און דער בלינדער אַז ער איז בלינד.
עס האָט אַ יעדערער פֿאַרגעסן אין זײַן אייגענעם צאַר,
געווען איז נאָר אַ פֿאָלק, געווען נאָר איין געפֿאַר,
געווען איז נאָר איין האַרץ, געווען נאָר איין געדאַנק,
געווען נאָר איין פֿאַרלאַנג:
נעקאָמע אין דעם סוינע, נעקאָמע ביזן סאָף!
אַרויס פֿון אַלע בונקערס, אַרויס פֿון יעדן לאָך
מיט טויט-בלייכע צורעס פֿון הונגער און פּײַן,
מיט פֿעסט-געבײַלטע פֿויסטן, מיט פֿעסט-פֿאַרהאַקטע ציין,
מיט אומגעריכטער גווורע, מיט צאָרן און מיט האַס
אַרויס קעגן דעם סוינע, אַרויס דאָס פֿאָלק אין גאַס.

מיט פֿויסט קעגן באָמבעס, מיט ציין קעגן שטאָל!
פֿונוואַנען אַזאַ גווורע אין אויסגעצערטן גוף?
דאָס קלייניקע קינד, דער אַלטיטשקער ראָוו,
דאָס יונגע מיידל, מיט טרויס אין טריבן בליק,
דער באָכער וואָס קען נאָך ניט פֿון ליבע דאָס גליק,
דער געבילדעטער מאַן און דער פּראָסטער יונג

פאַרברידערט אין אומגליק, פאַרברידערט אין בלוט
זיי שפּאַנען צוזאַמען, זיי שפּאַנען באַנאַנד,
אַנטקעגן דעם סוינע דאָס גאַנצע פאָלק שפּאַנט.
מיט העק און מיט האַמערס, מיט ברענשטאָף אין פלאַש,
עס צינדט זיך אַ געסל, אַ גאַס נאָך אַ גאַס,
עס ברענען די הײַזער, עס פאַלן די ווענט
נאָר מערער פון אַלעם דער צאָרן ער ברענט.
עס מאַבלט מיט בלוט, מען קוקט זיך ניט אום,
געפאַלן אַ מאַמע, אַ שוועסטער, אַ זון,
ס'איז היימיש דער טויט שוין, ער שרעקט שוין ניט מער,
מען גייט צו דעם טויט, נאָך דאָ איין באַגער,
נאָך דאָ איין געדאַנק, נאָך דאָ איין געפיל:
איידער דאָס האַרץ אין ברוסט וועט פאַרשטומען
**נעקאָמע אין סוינע, נעקאָמע, נעקאָמע!**

דער סוינע, די באַיע, ער קען ניט פאַרשטיין,
„צי זיינען די ייִדן מעשוגע צי שיידים?
ווי קענען, ווי וואַגן זיי הייבן די האַנט?
מיר זיינען דאָך הונדערט, הונדערט קעגן ייִדן!
מיר, שטאַלענער גאָט פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט,
מיר האָבן לענדער ווי שפּינען צעטראָטן,

טאַ ווי וואַגט קענען אונדז הייבן די האַנט,
ווי וואַגט קענען אונדז אַ פאַרמאַטערטער שאָטן?
צי איז דאָס שיגאָען? צי זײַנען זיי שיידים?
מיר זײַנען דאָך הונדערטער, הונדערטער קעגן יעדן."
און ס׳ענטפערט אַ סינע אַ פלאַמיקע, רויטע:
איר פוילט שוין פאַרן לעבן, מיר לעבן נאָך — טויטע!

עס מאַבלט מיט בלוט פון אָפענע וווּנדן,
די קערפּערס פאַלן ווי פאַרשניטענער קאָרן,
נאָר עס קעמפן נאָך ווײַטער די טויטע גופן,
עס קעמפט ווײַטער דער צאָרן.
פון גאַסן שוין לאַנג ניטאָ מער קיין ווײַבער,
פון הײַזער אַ שטיין אויף אַ שטיין ניט פאַרבליבן,
אַלץ גרעסער און גרויזאַמער פלאַטערט דער שײַטער,
מען שפרינגט אין די פלאַמען, מען ברענט, און קעמפט ווייטער.

דאָס קלײנינקע קינד, דער אַלטער זיידע,
דאָס צאַרטע מײדל, דער באָבער דער בראַווער,
דער מאַן פון וויסן, מיט טרעגער אַ כאַווער,
זיי זײַנען איצט אייגן, זיי זײַנען איצט ברידער,

עס פליסט זייער בלוט און מישט זיך צוזאַמען,
ס׳איז סינע זייער פּאַטער, נעקאָמע — זייער מאַמע.

עס מאַבלט מיט בלוט, בערג פולע מייסים,
ניטאָ קיין באַקלאַגער, ניטאָ קיין באַגרעבער,
ווער זאָל דען באַקלאָגן, ווער דאַרף דען באַגראָבן —
אַז ניטאָ שוין קיין טרערן און סרייפע איז דער קיווער.

אַ האַנט אַ צעפליקטע? דער גוף פול מיט ווונדן? —
מען קוקט זיך ניט אום, מען פאַרבייסט נאָר די ליפּן
און טראָגט זיך דורך רויך ווי פלאַמיקע רייטער,
מען שטעלט זיך ניט אָפּ, מען ברענט און קעמפט ווייטער.

פון טויזנט, נאָר הונדערט זיינען פאַרבליבן,
פון הונדערט נאָר צען, וואָס ראַנגלען זיך אין שייטער,
ניטאָ שוין די צען, נאָר בלוט און צאָרן,
וואָס קענען ניט שטאַרבן און קעמפן נאָך ווייטער.

עס וואַיען די ווינטן, עס וואַיען די רוימען,
פון טויט אַ לעגענדע אַ מעכטיקע ווערט געבאָרן.

אַז ווי צו די איפּעשדיקע, קרעציקע געווינער,
דער זיג איז אונדזערער, כאָטש מיר האָבן פאַרלאָרן!

טאָ אַנטלויף ניט פון אונדזער אומקום, פון אונדזערע ביינער,
אונדזער טויט טראָגט מעכטיקע זוימען פון לעבן,
קום אַהער! איך האָב דאָ אַ הייליקן אויצער —
ס'איז אונדזער יערושע — איך וועל זי דיר געבן.

שטיי אויף! גלייך זיך אוים! טו פון שרעק זיך באַפרייען!
און ס'האַרץ דיינס מיט שטאָלענעם מוט זאָלסטו באַקרויגען!
צי מיינסטו אַז אומזיסט האָט פאַרהיט דיך דער גורל?
צי מיינסטו אומזיסט האָט ער דיין בלוט געטאָן שוינען?
געברענט האָט דיין פאָלק, נאָר ניט אָפּגעברענט האָט עס
אין קרעציקן סוינעס צעצונדענע פלאַמען,
די אַלט־דוירעסדיקע וואָרצלען זיי זיינען פאַרבליבן
אין דיר איז געווענדט דער בלי פון די שטאַמען.

זע! אַף מיינע דלאָניעס ליגט דער גרעסטער אויצער,
איבער אַלע גסיסעס, איבער בראַנדן רויטע
מיר האָבן אים געטראָגן מיט הייליקן איפער
און אפילע ניט אַרויסגעלאָזט פון דער האַנט דער טויטער.

ס'איז אונדזער יערושע, אונדזער לעצטער זייכער,
נעם! און האַלט אים טײַער, טײַערער פֿון לעבן;
ס'איז דאָס האַרץ פֿון אַ פֿאָלק — די שענסטע מאַטאָנע,
די שענסטע צירונג צו דער מענטשהײַט געגעבן,
נעם דאָס האַרץ פֿון דײַן פֿאָלק און זאָלסט עס ניט פֿאַרשוועכן,
ערשט דאַן װעלן אונדזערע ביינער זייער רו געפֿינען,
נעם דאָס האַרץ פֿון דײַן פֿאָלק און זאָלן װײַטער די דוירעס
אַרום זײַן צאַפּל זייער לעבן שפּינען!

---

און װי נאָר איך האָב דאָס האַרץ דערפֿילט אַף מײַנע דלאָניעס
און װי נאָר מײַן בלוט זײַן ציטער האָט באַנומען
האָט אַן אויסטערלישער װי דורכגעפֿאַלמעסט
[מײַנע גלידער —
אַ װיי פֿון געבורט מײַנע איװורים האָט צענומען.
װייען פֿון געבורט פֿון אַ װעלט אַ נײַער,
פֿון מײַן ברוסט האָט אַ װילד געשריי זיך אָפּגעריסן,
אַף מײַנע הענט האָט דער נעם דער אייביקער געפֿלאַקערט —
דאָס האַרץ פֿון אַ פֿאָלק —
פֿון אַ פֿאָלק דאָס געװיסן.

מײַן געשרײ האָט אויפגעטרייסלט מײַן שלאָפנדיקע היים,

— וואָס איז געשען? וואָס איז דיר געשען?

— גאָרניט... אַ כאָלעם...

און עפּשער איז עס גאָרניט קיין כאָלעם געווען...



ראָכל מינצעס

# וואָס וועסטו זײַן, אַז דו וועסט זײַן גרויס?...

(געווידמעט דעם אָנדענק פון דער העלדן

ניוטאַ (ריווע) טייטעלבוים)





בלויענקע אייגעלעך — קלאָרינקע צווײ,
אַ מאַמעשער שמייכל הענגט איבער זיי...
אַ מאַמעשער שמייכל — אַ רײַפער מיט גליק,
צוויי בלויענקע אייגעלעך לײַכטן פון וויג...

קינד מײַנס! פון רויזן, די שענסטע רויז!...
וואָס וועסטו ווערן, אַז דו וועסט זײַן גרויס?...
פון אַלע די שענסטע, די בעסטע און רײַך,
ס'וועט אַ פרינצעסן ניט זײַן צו דיר גלײַך.

און קלוג וועסטו זײַן, געבילדעט ביז גאָר,
אַ לאַנגער סייכל, און קורצינקע האָר...



34633

ס'איז נאַריש דײַן מאַמע, האַ? נאַריש פון גליק.
גאָטעניו, לאָך ניט פון טרוים בײַ דער וויג!

:: :: ::

בלויע אויגן — קלאָרע צוויי,
אַ גאָלדענער הימל הענגט איבער זיי...
פלאָנטערט דאָס גאָלד זיך אין זײַד פון די האָר,
באָדן אין גאָלד זיך — זיבעצן יאָר...

בלויע אויגן — קלאָרע צוויי,
די פרילינג-גרינקייט הענגט איבער זיי...
אין גראָז זינקען אָרעמס, דאָס האַרץ יונג און ריין,
אַ ביכל בײַ זײַט, דאָס לעבן איז שיין!

:: :: ::

בלויע אויגן — צעווייטיקטע צוויי,
דער כווישעך פון געטאָ הענגט איבער זיי
שלעפּן זיך טעג צעקאַליעטשעט און וויסט,
וואַלגערן זיך טרוימען אַרום אַפן מיסט...

בלויע אויגן — צעפיבערטע צוויי,
צאָרן און האַס דראָען אין זיי.

דער אייגענער צאַר איז קליין און שטום,
פאַרטרונקען אין גרויסן צאַר פון אָרום...

בלויע אויגן — שפּיזן צוויי,
פלאַם פון נעקאָמע פלאַקערט אין זיי...
פאַרפּוצט די שיינקייט מיט בענדלעך און קרעל,
זי קומט אַ שטילע צום הענקערס שוועל.

בלויע אויגן — אומשולדיקע צוויי,
טײַוועדיקער בליק פּרעסט זיך אײַן אין זיי... —
ווי ס'בלענדט דײַן שיינקייט?... קען עס דען זײַן?
איז אויך באַ אײַך דאָ אַ לאַרעליי?

אַ דינער שמייכל צאַפּלט אין זיי... —
בלויע אויגן — אַנטשלאָסענע צוויי,
ווי פלינק זײַנען פינגער? אַ שאָס — און אַ וווּנד!
באַ מיידלשע פיסלעך — אַ טויטער ליגט הונט...

בלויע אויגן — פײַערן צוויי,
דעם בראַנד פון קאַמף צעטראָגן זיי...
אַף רעלסן פון באַנען, אַף דעכער פון שטאָט,
פון מוט און פון גבורה, בלײַבט הענגען אַ סאָד.

בלויע אויגן — פאַרשטאַרטע צוויי,
אַ טיפע שטילקייט הענגט איבער זיי...
דער ווינט יאָגט אַוועק, קלאַפּט אין דער וועלט —
הערצער, שטייט אויף! ס'איז געפאַלן אַ העלד...

בלויע אויגן — שטומע צוויי,
אַ זילבערנער טוי פאַלט איבער זיי...
„פון אַלע רויזן — די שענסטע רויז...
וואָס וועסטו זײַן, אַז דו וועסט זײַן גרויס?"



Raquel Minces



# La Canción de mi Tierra



B U E N O S   A I R E S

1 9 5 1